
אברהם אָסטראָווער
אין אָפֿטע פֿארנאכטן...

אברהם אָסטראָווער.

# אין אָפּטע פּאַרנאַכטן...



פֿאַרלאַג „הרצליה"

וואַרשע 1922.

A. OSTROWER,

ZBIÓR POEZJI,

Wydawnictwo „HERCLIJA“,

Warszawa 1922.

DRUK. SCHRIFTGIESSER W WARSZAWIE

DRUK. S.KORA I MYLNER WARSZAWA. NOWOLIPKI 6.

# אינטראָדוקציע.

אין אָפּטע פאַרנאַכטן,
ווען גאָטס וועלט כאַפּט אַ דרימל
און אַ שטילקייט צעגיסט זיך אַרום,
צעשפּרייט זיינע פליגל דער מלאך פון טראַכטן,
דערטרינקט זיך אין הימל
און ס׳דונערט אַ שטים,
וואָס וועקט צו אַ לעבן
פול גאַרן און ליידן,
פול לוסט און שטרעבן,
וואָס לאָזט זיך ניט שטילן,—
נאָר פּייניקט און פּלאָגט דעם פינצטערן ווילן
און פילט אָן דעם מח מיט מורא און פריידן.

I

צו דער געטין נאַטור.

אָ, שטילע אַלעע אין שאָטן פון ביימער,
וואָס ווילסטו דערציילן מיר שטום?!...
צי ווילסטו אויסזינגען פאַר מיר אַלע
סודות,וואָס כ׳האָב ווי אַן אוצר טיף אין דער
נשמה פאַרבאָרגן?!...
אָדער ווילסטו מיין גרויזאַמען טרוים פאַר-
וויגן מיטן שטילן גערויש פון דיינע נאַקעטע
צווייגן, עלנטע ביימער?!...

ווייסט, אַז ווען דער ווידער-קול ברענגט
אַ שטילע, פאַרחלומטע שטים פון דער ווייטן, ווען
מאַט צייכנען זיך אָפּ אויף דער ערד די שלאַנ-

קע פאַריתומטע ביימער ביים שיין פון דער שוואַכער האַרבסט-זון און לאַנגע שאָטנס גליטשן זיך אויף דער, פונם ניט-לאַנג פאַרגאַנגענעם רעגן, פייכטער ערד, — דערמאָנסטו מיך אָן איר וויינענדיקן קול, שלאַנקער און, ווי די גלות-נאַכט, פאַרחושכטער געשטאַלט, און פלאָגסט אָן אויפהער מיין גוף?!...

צי ווייסטו דאָס אַלץ?!...

צי פילסטו ניט, געטין נאַטור, דעם וויי-טאָג, וואָס ציקט אין מיין האַרץ, פייניקט און פלאָגט?!...

און איך לייד אַזוי שטאַרק און קלאָג מיך אויף דיר:

„אָ, שלעכטע נאַטור! אין שטילן געוויש פון נאַקעטע ביימער, וואָס ווילסטו דערציילן פון איר?!...‟



II

## אויף די לייכטע פֿליגל פֿון טרוים.

שטיל איז די נאַכט און טונקל, ווי מיין הארץ, ווען עס חלומט. רויק, געלאַסן און ריט-מיש שלאָגן זיך אָפּ אין איר דעט וועכטערס טריט, ווי די שלעג פון מיין דפק, ווי די קלעפּ פון דער פאַרוויימאָגטער נשמה.

ווען די פינצטערניש צעגיסט זיך אַרום און אַ מאַטער לבנה-שיין רייסט זיך אַריין אין מיין עלנט, קליין שטיבל, לעבן-אויף פאַר מיינע העלע, פאַרטרוימטע אויגן די ליכטיקסטע מינוטן פון מיין אָרים, פאַרטרויערט לעבן, פאַרגאַנגע-נער יוגנט, פאַרשווינדענער ליבע.

פאַרקלאָגט זעט דאָס האַרץ דאַן אויס,

ווי אַ וואַלד אין האַרבסט, ווי אַ פאַריאָמערטע מוטער.

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

ווען שטיל גיבן די כוואַליעס אַ פליוסק אין דער ווייסל און דאָס קרישטאָל-קלאָרע וואַסער בלאַנקט פון דער ווייטן, קאָקעטירט די לבנה, ווינקט צו די שטערן — שוועבט אויף פאַר מיר איר ריין געשטאַלט אין זעפיר - לייכטן שלייער, וואָס זאָגט אויס דעם סוד פון איר נשמה, רייץ פון איר קערפער.

און זי באַצויבערט מיין זעל, באַשטראַלט

מיט איר חן און ציט מיך צו זיך.
ווו ביסטו, געליבטע?!...

ווען אַ שטילע פייגל-תפלה פילט אָן די זויבערע לופט, ווען אַ ריינער טרעל דערהערט זיך פון דער ווייטן, לעבט-אויף מיין בענקשאַפט, פאַרגאַרט נאָך איר קול.

און די האַרמאָנישע אַקאָרדן, שיינע פייגל-טרעלן פילן אָן מיין האַרץ מיט רו און טרויער, עלנט און וויטאָג, ווי די שטילע טענער פון אַ לויב-מאָטיוו פאַרן באַשעפער אין אַ בית-תפלה,

היכל פון רוּ; ווי די פּאַריאושטע בליקן פון
מיין ווייט-נאָנטער געליבטער...

און שטילע זיפצן רייסן זיך פון מיין
שוואַכער ברוסט צו די הימלען, שטאַרקע פאַר-
לאַנגען דרינגען דורך מיין נשמה און אַ קינדיש-
נאַיווע, ציכטיק-ריינע פראַגע כאַפּט-אויף דאָס
לייכטע ווינטל:

וואָס זינגסטו?!... ווּ ביסטוּ, געליבטע?!...

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

ווען אַ ווינטל צעשפּילט זיך אין גאָרטן
מיט די צווייגן, און ס'דערהערט זיך אַ פּאַרטי-

ליקט געריש פון אַ דערשראָקענעם נאַכט-פויגל,
ווען אַן אָפּגעבראָכן צווייגל, אָפּגעריסן בלעטל
פאַלט אויף די האַרטע ערד, — דוכט זיך מיר,
אַז זי וויינט און רופט מיך, און ס'האַרץ צע-
רייסט זיך מיר אין צווייען.

ווען ווידער ווערט שטיל אין דרויסן און
אַ פריש רעגנדל באַטויט דעם שאָטן-פולן גאָרטן
און די פאַריאָמערטע טראָפּן טיקן אין פענצ-
טער, ווייזט זיך מיר אויס, אַז אַן אומגליק איז
געשען, אַז די בלומען פון מיין טרוים, דער
אינהאַלט פון מיין לעבן איז אַוועק און פאַר-
שווינדן.

און טוליענדיק זיך אין די קישנס, ווי אַ קליין קינד צו דער מוטערס שויס, ברעך איך אויס אין אַ היסטעריש געוויין.

ווו ביסטו, געליבטע?!...



## ערינערונג.

טאָג, אָ טאָג פול לײדן!
צי באַלד, װען דו הױבסט זיך פון ים,
מוזטו זיך װעבן, װי שפּינװעבס פון זײדן,
גיסן ערינערונגס-לײדן,
װי סם,
װעקן דעם הײליקן פלאַם
פון בענקשאַפט און ליבע אין מיר
און צװינגען נור טראַכטן פון איר?!

צי מוזטו, דערמאָנענדיק מיר איר געשטאַלט,
אױפװעקן מײנע געפילן—
אין מח זיך רײסן אַרײן מיט געװאַלד

און פלאָגן, נישט וועלנדיק שטילן?!..

און, אַז באַשערט איז דיר, הערלעכער טאָג,
פאַרוואַנדלען די פרייד אין אַ טרוי׳ריקע קלאָג,
דאַן בעט איך אַן אייביקן חושך און נאַכט—
מוראדיק-פינצטער, דאָך שיין און פול פראַכט.



## אַ בינטל האָר.

ז

ווייט פון מענטשנס בייזע בליקן,
ווי אַן אוצר טייערן, רייכן,
האָב איך ווען אַמאָל מיט זאָרגן
ס׳זאָל קיין אויג עס ניט דערגרייכן
הייליק אויף דער ברוסט פאַרבאָרגן,
צי אין חלום, צי אויף וואָר,
אַ בינטל שוואַרצע האָר.

מיין געליבטע אַ מתנה
האָט דאָס בינטל מיר געגעבן
מיט אַ שבועה און מיט טרערן,
אין פאַרלויף פון גאַנצן לעבן,

טריי און ריין צו מיר געהערן—
אַ קמיע זאָל עס זיין,
וואָס וועט היטן מיך און פיין.

און פאַרגרויט זאָל ס׳בינטל ווערן
און באַנעצט מיט אירע טרערן,
אויב נישט טריי וועט בלייבן מיר
זי, וואָס ליבט מיך אָן אַ שיעור.

II

אין די שווערסטע לייד-מינוטן
פון מיין לעבן—פון מיין פיין,

איז דאָס בינטעלע אַליין,
וואָס אין קעשענע פאַרבאָרגן
געווען מיין איינציקע נחמה,
וואָס מיט גליבן אין דעם מאָרגן
אָנגעפילט האָט מיין נשמה.

* * *

און עס זענען טעג פאַרלאָפן,
און פאַרשוווינדן איז מיין גליק,
אַוועק צו קערן זיך צוריק—
אויסגעלאַכט זיך פון מיין האָפן

און די שבועה פון מיין ליבסטער,
וואָס נאָך קלינגט אין מיינע אוי׳רן,
האָט אויף מיר זיך מיט אַ צאָרן
און אַ קללה אויסגעגאָסן.
און עס איז מיין טרוים געוואָרן
אין דער גרויקייט ווייט צעפלאָסן.

— — — — — — — —
— — — — — — — —

גרוי געוואָרן זענען מיינע,
נישט פון בינטל א י ר ע, האָר.
און געטריפט מיט טרערן ריינע
האָבן מיינע אויגן גאָר...

## ווענוס און גליק.

I

באַוויזן מיר האָט זיך אין ליכטיקן טרוים
די הערלעכע ווענוס אין שלייער.
געררייצט און געצויגן,
גערופן צו זיך,
אַ פייער
צעבלאָזן אין מיר,
און געזויגן —
מיט גאַנץ מיין גוף אָנגעפילט.
און געטלעכע קלאַנגען,
ליבע־געזאַנגען
אויף סטרונעס פון הארץ אויסגעשפילט.

II

באַוויזן מיר האָט זיך דאָס מענטשלעכע גליק,
אַזוי, ווי די ווענוס אין טרוים,
און צוזאָגן גרויסע, גלייביקע קוים
האָבן געקלינגען אין מיר
מיט אַ סובטעלן, צאַרטן באַריר...

* *
*

און ווען אַ גלויבן אין אייביקן גליק
אָנגעפילט האָט מיין נשמה,
געצויגן זיך האָט עס, ווי ווענוס צוריק—
גערויבט מיר די לעצטע נחמה.

## אנטוישונג.

מ׳רעדט וועגן ליבע מיט מענטשן פאַרשטאַרטע,
קאַלט-האַרציקע ליבט מען און ליידט צוליב זיי.
און די, וואָס ליבן — פאַרפירטע, פאַרנאַרטע
נישט פילן די פאַלשקייט און בלייבן געטריי.

---

נישט גלייבט אין די ווערטער פון ליבע און טרייהייט:
עס זענען געפעלשטע באַגריפן, געדאַנקען,
אַזוי, ווי אין תפיסה רעדעס פון פרייהייט,
אַזוי, ווי אַ ליכט, וואָס גוסט אין צאַנקען.

## געבוג שוין...

געבוג שוין נאָך קינדישע שפּילן געגאַרט,
געבוג שוין אין טרייהייט פון פרויען געגלויבט,
עס האָבן מיך ליבע און שפּילן גענאַרט —
דאָס שפּיל איז פאַרעלטערט, די ליבע געררויבט.

---

זוך פרישערע שפּילן און אַנדערע פרויען
און ווייס, אַז דאָס אַלץ, וועט אויך לאַנג נישט דוי׳רן—
ס׳איז פייער, וואָס שפּילט זיך אין נאַקעטע שטרויען,
ס׳איז ס׳לעבן אַליין פאַר די וועלטלעכע טוי׳רן.

# אַ שיידן.

און ענגער, אַלץ ענגער פאַרקלעמען זיך ברוסטן
אין האַרבסטיק־פאַרטרויערטן גאָרטן דעם פוסטן.
און ווייטאָג פילט אָן די נשמות, וואָס שיידן,
וואָס זאָלן אַוועק און פאַרגעסן זיך ביידן—
איינער אָן צווייטן אויף אייביק.

געקענט און געליבט זיך אַ לענגערע צייט:
געוועזן זיך זער נאָנט — געוועזן דאָך ווייט.
גערעדט וועגן צוקונפט און זיך נישט פאַרשטאַנען,
אַוועק לויפט די ליבע מיט איילקייט פון דאַנען,
ווו מיילער נאָר רעדן און ס'האַרץ בלייבט דאָך
ליידיק.

# שטימונג-לידער.

## אויפֿן פּלאָצקער „טום“.

(נאַכט-שטימונג).

ס׳זענען שטילע אָרגל-קלאַנגען
פון די אַלטע קלויסטער-מוי׳רן
דורך די איינגעהאָרכטע אוי׳רן
אין דער פינצטערניש געגאַנגען.

און די ריינע טענער-כוואַליעס
מיט מאָטיוון דורכגעזינקען,
שוועבן ווייט פון קלויסטער-טירן
צו דער ווייסל זיך דערטרינקען
און פון אויער זיך פאַרלירן.

## צום לעבן...

צום ליכטיקן לעבן
חלומות זיך וועבן
פון אומעט און צרות אָן עק.
צום רייצנדן לעבן
פאַרומערטע שטרעבן
מיט גרויזאַמע קללות אָן ברעג.

און ס׳ווילן נישט שטילן
די כחות, וואָס צווינגען
פאַרטומלען דעם ווילן,
פאַרטויבן דאָס זינגען
פון יונגע, פילנדע ברוסטן.

פאַראַכֿטן ס׳געשריי,
וואָס רייסט זיך אין הימלען,
דערדריקן דעם וויי,
און ווילן פאַרטומלען
פון ליבע און לעבן די לוסטן.



# מיין גלויבן.

כ׳וויס כ׳בין געבוירן צו צרות און פּיין—
מיין שטאַם איז אַ פאָלק, וואָס ליידט תּמיד,
וואָס ווערט קיינמאָל פריילעך, שטיקט דאָס געוויין
פאַרן עדות פון תּפלות — דעם עמוד.

אָבער טיף אין האַרץ פאַרבאָרגן
טראָג איך גלויבן אין אַ מאָרגן,
ווו אין שטילקייט פון באַגינען
וועל איך רו און טרייסט געפינען.

און— — —
כאָטש ברויזן וועט ס׳לעבן אַרום און אַרום
און וועלן פאַרטויבן דאָס שטרעבן—

אויך דאַן וועל איך בלייבן פאַרעקשנט און שטום,
פול טרוימען, וואָס וועלן דורך באַרג צו דער זון,
צו זון פון דער האָפנונג זיך וועבן.

און גלויבנדיק אויסגיין, וו'אַ צאַנקנדיק לעכט—
נישט פילן די טעג און פאַרברענגען די נעכט,
נישט וויסן פון צרות, נישט זעען די נויט;
ווי שיין איז דער גלויבן—ווי ליב אַזאַ טויט...



## דאָס אייביקע ליד.

טיפע זיפצן, ווײ-געשרייען
זענען וועלטס געזאַנגען.
הייסע טרערן טריפן, גייען
צירן יענע קלאַנגען.

אַ וועלט פול צרות, עלנט, נויט
שלאָגט אין זיך אָפּ ס׳ליד—
אַ גאַרן נאָך אַ שטיקל ברויט,
אַ האָפנונג אָן אַן עק.
אַ ווייטאָג, וואָס אין האַרצן זידט
ציט זיך ווייט אין וועלט אַוועק
און אייביק ציט זיך... ציט...

# בילדער.

## יום טוב אין שול.

אַ פּאַרע קאַפּעט פון די ווענט.
אויף די אויסגעשטרעקטע הענט
אין די יום-טובדיקע נעכט
רינט זיך חלב פון די ליכט,
און עס דאַוונט פרום די שול,
וועקט אַן אייביק-ניי געפיל.

פול-געפּאַקט. דושנע. ענג.
ביי די טישן, ביי די בענק
אַלטע זקנים, יונגע קינדער
צוגעפרעסט זיך, ווי די רינדער.
אומעטום אַ שווער געדרענג.

דער קול פון חזן, קלאָג פון עולם
און רעפּרען פון יונגע לייט
טראָגן זיך אין גאַס, העט ווייט,
מיט דעם ליאַרם פון ווייבער-שול,
אַז דער קאָפּ בלייבט פול און דול.

דאָרט אַ קינד מיט שוואַרצע האָר
און סאַדזעס-שוואַרצע אויגן,
פון אַ פינף און האַלבן יאָר,
קוקט פאַרווונדערט זיך אַרום,
הייבט אַ פינגער אָן צו זויגן— — —
בלייבט פאַרגליווערט, רויק, שטום.

אַ ביסל ווייטער, אָן אַ זייט,
אויף אַן אויסגעדרייטער באַנק,
אַ קליין יאַטל רויק רייט.
און זיין שפּיל זיך דויערט לאַנג.

ביי דעם עמוד, אויפן טיש,
אָדער אויף דעם בּענקלס ראַנד
לייכט אַ יינגלשע געשטאַלט,
וואָס אין טאַטנס בערדל האַלט
זיין קליינע, ביינערדיקע האַנט.

און די בּליקן דיינע וועגד

צו די אַלטע, גרויע לייט—
צו דעם הימל זיי'רע הענט
און אַ מחזור אָן דער זייט.

דאָס פנים פלאַמט,
דער שטערן שוויצט,
דאָס אויג אין מחזור
טיף פאַרקריצט.
אַ שטילער וויי,
אַ הייסע טרער
טריפט פון אויג,
ווי פון אַ רער.

— — — — — — —

— — — — — — —

אַ פּאַרע קאַפּעט פון די ווענט.
אויף די אויסגעשטרעקטע הענט
אין די יום-טובדיקע נעכט
טריפט זיך חלב פון די לעכט.
און עס דאַוונט פרום די שול,
וועקט אַן אייביק-ניי געפיל.



## אויף אַ שלאַכטפעלד.

(אַ בילד)

באַגינען. שטיל. דער מאָרגן גרויט.
אויף באַרג און פעלד
אַ ווייסע קעלט
ליגט צעשטרויט.

ערגעץ-ווו—אַ שוואַרץ געשטאַלט.
אַ גרוי געצעלט
אויפגעשטעלט
איז נעבן וואַלד.

און הער זיך איין
אין יענעם אָרט—

פון דאָרט דערטראָגט דער קאַלטער ווינט
אַ ווייסן רויך, אַ מענטשלעך וואָרט,
אַ שרייען, בלעקעצן פון רינד,
אַ שטיל געוויש פון מענטשן, פערד,
וואָס שלאָגט זיך אָפּ אָן האַרטער ערד.

אַ שטילער פייף, אַ קורץ געזשום
טראָגט זיך צו פון ערגעץ ווייט,
און אַ שאָס קלינגט אָפּ אַרום —
אויפן פאָן פון פעלד פאַרגייט.

ווידער לאָזט אַ שאָס זיך הערן,

און נאָך אים אַ צווייטער... דריטער...
אַז עס כאַפּט די ערד אַ ציטער —
ווילּ זיך שפּאַלטן, איבערקערן.
און עס דונערט... דונערט... דונערט...
ווייט און ברייט, פון עק ביז עק
און עס גייט אַ שלאַכט אַוועק.

מיט אַ בייז געווימל,
מיט די בליקן צו דעם הימל,
איינגעהויקערטע, באַרוישטע,
חיה׳יש-מענטשלעכע געשטאַלטן
לויפן, פאַלן אין די שפּאַלטן

פון דער פייכטער, שוואַרצער ערד.
און אַ שרייען, און אַ שעלטן,
און אַ שטילע תּפלה זעלטן
פון דער מחנה זיך דערהערט.

ווילדע געוואַלדן
פון יונגע ברוסטן
לויפן אין הימלען,
פאַרלירן זיך ווייט.
בלויז די עכאָס פאַרטראָגן די טומלען,
שלאָגן אָפּ לוסטן
פון יונגע לייט.

שאָסן פון ביקסן,
האַרמאַטן-קנאַלן,
אָרקעסטער-קלאַנגען,
מענטשן, וואָס פאַלן,
יובל-געזאַנגען
און אַ ווילד שאַלן
מישן זיך אויס מיט קרעכצן פון פערד
און ס'זידט און רוישט אויף דער בלוטיקער ערד.



## דער פֿרילינג־צוריקקער.

נאָך פינצטערע, גרויע, פאַרוואָלקנטע טעג
איז ענדלעך אַ זון-פּאַס פון הימל געפאַלן,
איז ענדלעך דער פרילינג אין שנעלן געיעג
אַרויס, ווי אַ זיגער.
די זון-שלוחים שטראַלן
גלעטן און לייכטן און שפילן זיך שטום,
שיקן פאַרבלאָנדזשעטע קושן די קוואַלן,
דעם וואַסער, וואָס רינגלט דאָס פעלדל אַרום,
אין אויספלוס פאַרגיסנדיק גרעזל און בלום.

# אין וואַלד.

אַ שטיל געדויש אין צווייגן
צעשפּילט זיך אינם וואַלד.
אַ פּאַרטיליקט שווייגן,
אַ געזאַנג פון פייגל
רופט זיך אָפּ׳עט באַלד.

אַן אָפּגעבראָכן צווייגל
פאַלט פון בוים אַראָפּ—
דעם העקערס האַק אַ שלאָג
רופט זיך דאָרטן אָפּ.

און אַ בייז געמרוק,

פון פליגל אַ געזשום
און „האָפּ-האָפּ“ פון לייט,
רופט זיך אָפּ'עט שטום
און עס הילכט ווייט.

און עס רוישט דער וואַלד
און ער זינגט און שפּילט —
די נשמה פילט
פון ווייטן זיין געשטאַלט.



# מיין ליד.

מיט דעם ווילן אָדער קעגן
רייסט זיך מיר אַרויס אַ ליד,
וואָס, ווי לאַווע ברויזט און זידט,
ביז געפינט צום טאָג-שיין וועגן.

און צי ס׳וויל זיך אָדער ניט,
גיט, ווי לאַווע זיך אַ שיט
טיילמאָל טרערן, עפּטערליידן,
זעלטן רו- און ליבּ-געזאַנגען
און ס׳געפינט פאַר מיר נישט פריידן
ס׳האַרץ, וואָס טרערן קאָן נאָר פאַנגען.

און, ווי מיט אַ שטרענגער ריט,
צי עס וויל זיך אָדער ניט
צווינגט ס'געפיל מיך שעפן לידער
פונם בייזן וועלט-גערודער.



# אינהאַלט:

